# אינהאלט:


ראטמיא (א צייכנונג) — — — — — — — — פון א. פארטנאָוו

ביים זייט פון וועג:

ביים זייט פון וועג — — — — — — — — — — 9

ביים כרמל — — — — — — — — — — — — 13

ראטמיא:

דיין בליק — — — — — — — — — — — — — 19

דיינע אויגען — — — — — — — — — — — 21

דיינע הענט — — — — — — — — — — — — 22

ווי נאכגעלאָזטע פליגעל — — — — — — — 23

די ווייך־געקרויזטע לאקען — — — — — — — 25

דאס שארכען אויפ'ן זאמד — — — — — — — 26

א זילבער־ווייסע עבענע — 28
דיין שוים — 29
אטאמאן — 31

טרויבען:

צוויי הענגלאך — 35
א טרויב — 37
ניט דער ווינט — 38

ראטמיאם טאנץ:

טאנצט פאר מיר ראטמיא — 43

ראטמיאם לידער:

א שעף — 49
די בין — 51

אזוי־אָ ליגען:

אזוי־אָ ליגען — 55
ווייסקייט — 57
פון וואנען? — 59

אונ פּלוצלונג — — — — — — — — — — — 61
וואוהינ ? — — — — — — — — — — — — — 65
קאָ־קאָ !
קאָ־קאָ ! — — — — — — — — — — — — — 69
גריב־גראב — — — — — — — — — — — — 71
אויף מיינ הארץ — — — — — — — — — — 74

---

# ביים זייט פון וועג

ביים זייט פון וועג
ווייסעלט זיך אין בלויקייט פון דער נאכט
א הויכער בארג.
און לעבען אים
אויף דר'ערד —
די ביקס צום הארץ געפּרעסט
ליג איך א שווייגענדער,
ווי שווייגענדיג
עס ליגט דער הויז־הונט
וועמענס שלאף
עס ווערט ניט דורך דער נאכט
פון פארדעכטיג־שטילע טריט געשטערט.

און אונטען אינ'ם טאל
פארזונקען ליגט אין שווערען שלאף
דער קעמפּ.

ז. וויינפער

די ווייסע קיילעכדיגע ביידלאך,
וואס זיינען דא און דארט צושפרייט
ליגען צו דער ערד געפרעסט,
ווי ווייסע קיילעכדיגע קנעפּ
אויף טונקעלע געוועבען צוגענייט.
נאר אויבען,
אויפ׳ן שפּיץ פון וואכט־הויז
צינדען זיך
און לעשען זיך.
צינדען זיך
און לעשען זיך
צוויי לאָמפּען,
ווי אויגען ניט דערשלאפענע און רויטע.
און אין דער טונקעלקייט פון נאכט
וואכען זיי, ווי מיינע.
וואכען זיי, ווי מיינע.

ראטמיא

ביים זייט פון וועג
וויסעלט זיך אין בלויקייט פון דער נאכט
א הויכער בארג.
און אונטען אינ׳ם טאָל
ליג איך א צוגעפרעסטער צו דער ערד
און פיל דאך ניט זיין גרויסקייט איבער מיר.
עס דאכט זיך מיר:
איך בין העכער פונ׳ם בארג,
ריזיגער פון אים.
און בלויז צוליב קאפריז
האב איך זיך אויף דער ערד
ביי זיינע פיס צולעגט.
די ווייסע, קיילעכדיגע ביידלאך,
וואס זיינען דא און דארט צושפרייט
זיינען דאך די קנעפ
אויף מיינע ריטערליכע קליידער צוגענייט.

און אט די לאמפען,
ווי אויגען ניט דארשלאפענע און רויטע
זיינען מיינע אויגען דאך,
וואס וואכען
איבער אט דעם הויכען בארג
אין בלויקייט פון דער נאכט.

---

ראטמיא

# בײם כרמל

. . . דײַן קאָפּ אַזױ שײן, אַזױ שטאָלץ,
װי שײן און װי שטאָלץ
ס׳איז דער קאָפּ פֿונ׳ם כרמל —
אַזױ האָט אַ פּרינץ צו אַן אײנפּאַכע מײדעל געזונגען.
און הערענדיק שטום דאָס געזאַנג פֿונ׳ם כרמל
האָט ציטריק דאָס מײדעלשע האַרץ זיך געהױבן,
אַזױ װי עס ציטערט פֿון װינט אין׳ם כרם
אַן הענגעל מיט רײפֿע און זאַפֿטיקע טרױבן.

. . . דײַן קאָפּ אַזױ שײן, אַזױ שטאָלץ,
װי שײן און װי שטאָלץ
ס׳איז דער קאָפּ פֿונ׳ם כרמל —
פֿון פּרינץ איז דורך יאָרן
אַ בעטלער געװאָרן.

און איצט שטייט דער בעטלער
אין זיינע געלאַטעטע קליידער
ביים פוס פונ׳ם כרמל.
פון הינטען —
דער ים,
אזא בלויער און ברייטער
מיט שיפען,
וואס גייען און קומען
און פאראויס —
דער כרמל,
וואס שניידט אזא שטאָלצער זיין קאפ צו דעם הימעל.

. . . דיין קאפ אזוי שיין, אזוי שטאָלץ,
ווי שיין און ווי שטאָלץ
ס׳איז דער קאפ פונ׳ם כרמל —
עס ווערען די אויגען פון בעטלער
אליץ ברייטער און ברייטער.

פון שווייגענדען כרמל
לאזט שטום זיך ארונטער
א מיידעל מיט קרויזיגע לאקען,
וואס וויקלען זיך שטאָלץ צו איר שטערען.
און שטיל הויבט מיין הארץ אן צו זינגען —
דיין קאפּ אזוי שיין, אזוי שטאָלץ,
ווי שיין און ווי שטאלץ
ס'איז דער קאפּ פונ'ם כרמל.

---

# דיין בליק

דיין בליק —
א זילבער־שטראל פון דער לבנה,
וואס הויבט דעם שלאפלאזען
אינמיטען נאכט פון בעט ארויס
און ברענגט אים צו דעם פענסטער צו
ראטמיא.
און דורך די שויבען, —
שפילענדיג זיך אין לבנה־שיין,
הויבען זיך פון דר'ערד ארויף
דינע, שלייערדיגע נעבלען
און וויגען זיך און ציטערען.
און וויגען זיך און ציטערען.

ז. ווינפער

בין איך —
דער שלאָפלאָזער,
וואס איז צום פענסטער צוגעגאנגען.
בין איך —
א דינער, שלייערדיגער נעבעל.
שפילענדיג זיך אין לבנה־שיין,
וויג איך זיך און ציטער.
וויג איך זיך און ציטער.

---

ראטמיא

# דיינע אויגען

דיינע אויגען, —
צוויי הימלאַכ־לויכטענדיגע שויבען,
וואס לויכטען דורך דער שווארצער נאכט
צום וויסטען, פוסטען טאל אראפ
און איך, —
דער וויסטער וואנדערער
אין אט דעם פוסטען טאל
הויב אויף די טריט
צו דיינע לויכטענדיגע שויבען.

---

ז. וויינפער

# דיינע הענט

דיינע הענט, —
צוויי האלבע טויערען
צועפענט אין דער ברייט
פאר יעדען וויסטען וואנדערער,
וואס גייט דיין הויז פארביי.
בין איך —
דער וויסטער וואנדערער
דיין הויז פארבייגעגאנגען.
בין איך —
דער וויסטער וואנדערער
אין דיינע טויערען אריין.

# ווי נאכגעלאזטע פליגעל

ווי נאכגעלאזטע פליגעל פון א געל־געפלעקטער הון,
וואס האט זיך נאר וואס פונ׳ם צודרונגליכען האָן באפרייט,
אזוי־אָ קוקען היינט די ברעגען פון דיין געל־געבלומטער שאל
ראטמיא.

דער ברויזענדער ים־וואל,
וואס האט אמאל אין א פארנאכט
דאס פייער פון דער זון פארלאשען
האט היינט זיך נאהענט דא געלאזען הערען.
און אין דיין אומרוהיגען בליק
א גליענדיגער ציטער
פון פייערען געלאשענע
און ניט דערלאשענע.

ראטמיא.
אן וועלכען ברעג
האט היינט א ברויזענדיגער ים־וואל
אויף טויזענט זילבער פיצלאך זיך צושמעטערט ?

---

# צו וועלכען וואונדער לאנד.

די ווייך־געקרויזטע לאקען אויף דיין קאפ
זיינען ציטעריגע וועלען אויפ'ן ים,
וואס ווערען פון א לייכטען ווינד געגלעט
אין בלויען שיין פון דער לבנה.
און איך —
אן איינזאם שיפעל אויפ'ן ים
ציטער אום אויף אט די וועלען
געגלעט פון לייכטען ווינד
און בלויען שיין פון דער לבנה.

ראטמיא.
צו וועלכען וואונדער־לאנד
וועט היינט דער ווינד אונז ברענגען?

ז. ווײַנפּער

# דאָס שאַרכען אויפ'ן זאַמד.

דאָס שאַרכען אויפ'ן זאַמד
איז ניט פון אַחמדס הינקענדיגע פיס.
ער האָט די קוליעס זײַנע הײַנט פאַרלוירען אין די בערג
און איצטער וואַלגערט ער זיך הילפלאָז דאָרט אַרום.
ראַטמיאַ.
דו הערסט דאָס קלאַגענדיגע וואויען פון שאַקאַלען?
דאָס שאַרכען זײַ דאָס אויפ'ן זאַמד.
און אפשר פרעסען זײַ דאָס פלייש פון אַחמעד'ס גוף
ערגעץ אין די בערג?
ראַטמיאַ.
דעק אויף דעם שוואַרצען שלייער פון דײַן פּנים, —
די בלויע, זילבערנע לבנה
באַבלויט און באַזילבערט אַלץ דאָ אינ'ם טאָל

און אין דער בלויקייט
זיינען דייַנע גרויסע, שוואַרצע אויגען
גרעסער נאָך
און שוואַרצער נאָך.

---

ז. ווײנפּער

# א זילבער-ווײסע עבענע

אצינד ביזטו פאַר מיר ..
א זילבער-ווײסע עבענע
פון קײנעמס פיס נאָך ניט באַטראָטען.
און איבער איר —
די נאַכט,
א דורכזיכטיגע,
א בלויע,
װיגט זיך אום
א זינגענדיגע
צו מײנע טריט,
וואָס צייכנען זיך צום ערשטען מאָל
אויפ׳ן זילבער-ווײסען זאַמד
פון דער עבענע.

# דיין שוים

דיין שוים —
א קארען־פעלד,
וואס כוואליעט זיך
און כוואליעט זיך
אין ליכט פון זונענדיגען טאג
און מאכט דעם דורכגייער פון ברייטען וועג
פארגעסען אן די צוועקען פון זיין גאנג.
א רוהיגער,
בארוהיגטער,
לאזט ער זיין בליק זיך וויגען
אויף אט דעם קארען פעלד,
וואס כוואליעט זיך
און כוואליעט זיך

אין ליכט פון זונעדיגען טאג.
בין איך —
דער דורכגייער פון ברייטען וועג,
וואָס האב די צוועקען פון מיין גאנג פארגעסען
בין איך —
דער בליק,
וואס וויגט זיך אום
אויף אט דעם קארען פעלד.
וואס כוואליעט זיך
און כוואליעט זיך
אין ליכט פון זונענדיגען טאג.

---

# אטאָמען

אט אזוי.
מיין קאפּ אין דיינע הענט פארוויגט.
און איבער מיר —
דיין בליק.
א קאנוואולסיווער.
אן אויסגעצערטער פון באגער

ארום —
א וועלט פון בלויע זילבערנע אטאָמען,
וואס וויגען זיך —
פלאטערנדיגע,
זינגענדיגע
אינ׳ם רוים.

ז. ווײַנפּער

און איך —
אַן אײַנגעוויגטער,
אַן אויפגעלײזטער
אין דײַנע הענט,
בין אויך אַ בלויער, זילבערנער אַטאָם.

פּלאַטערנדיק
און זינגענדיק
וויג איך אום זיך אינ׳ם רוים.

---

ראטמיא

# טרויבן

צוויי הענגלאך זאפטיג-פולע טרויבן
ציטערן אפיר
פון צווישן שאטענדיגע צווייגלאך.
און איבער זיי
אין גליהענדע קאנוואולסיעס
הענגט מיין בליק,
ווי גליהענדיג און קאנוואולסיוו
עס לעבט אין הייסן מדבר-זאמד
דער אויסגעמאטערטע פון דורשט.

צוויי הענגלאך זאפטיג-פולע טרויבן.
און איך —
אן אויסגעמאטערטער
פון הייסן טאג

ז. ווײנפּער

און אָנגעבּרענטען וועג
צעבּלוטיג מײַנע פינגער
אָן שטעכענדיגע צאַמען
וואָס שטערען מיר
די זאַפּטיג-פולע טרויבען צו דערגרייכען.

---

ראטמיא

# א טרויב

א טרויב
און נאָך א טרויב.
עס ציהען מיינע ליפּען דורשטיג זיך נאָך טרויבען.

א שאַרף צווישען צווייגלאך.
דער ווינט ?
דער וועכטער פונ׳ם כרם ?
אָדער א שאקאל פון הונגער דאָ פארבלאָנדזשעט ?
מיך ארט עס ניט.
א טרויב
און נאָך א טרויב.
עס ציהען מיינע ליפּען דורשטיג זיך נאָך טרויבען.

ז. וויינפער

# ניט דער ווינט

ניט דער ווינט.
ניט דער וועכטער פונ׳ם כרם.
און אויך ניט קיין שאָקאַל פון הונגער דאָ פאַרבלאָנדזשעט,
נאָר פלאָנטערנדיק זיך צווישן בוימלאַך
האָט אָן א צוויג
דיין שאַל פארטשעפעט זיך
ראַטמיא.
הויב אויף דיין קאָפּ.
זאָל שטיל צוריק דער שלייער אויף דיין פּנים פאַלן.
און אין דער שאַל פאַרנורע דיינע גלידער ; —
דען שכור איז מיין הארץ
פון הרודעס זילבער,
וואָס וויגען זיך אין בלויקייט פון דער נאַכט.

און פון די טרויבען —
אויסגעפּרעסטע
און צעוואָרפענע
ביי מיינע פיס
ראטמיא.

---

ראטמיא

# ראטמיאס טאנץ

טאנצט פאר מיר ראטמיא
מיט לבנה־שיין אן אפגעגאָסענע.
אט אזוי.
אט אזוי.
אלע ברעגעס פון איר שלייער
אויפגעהויבענע,
צופלאסענע.
אט אזוי.
הויבען זיך די נעבלען העכער פון דער ערד אויף,
ציען זיך,
צופליסען זיך.

און די בערג ביים האָריזאָנט —
מישען זיך,
פאַרלירען זיך.

טאַנצט פאַר מיר ראַטמיִא
מיט לבנה־שיין אָן אָפּגעגאָסענע.
אַט אַזוי
אַט אַזוי
הענט און בריסט פאַראויס געשטרעקט
און גאָר פלוצלונג צו דער ערד אַ פאַל,
ווי אַ חיה, אַ געשאָסענע.
אַט אַזוי.
בייט די נאַכט איר אויסזען —
בלוי און ווייס,
ווייס און בלוי.
און די טרויבען־צווייגלאַך
פרעסען טיפער זיך אין זאַמד אַריין.

## ראַטמיא

און דער טרויבען־ריח
ברייט זיך,
שפּרייט זיך
העכער,
ברייטער
אינ׳ם רוים אריין.

אַמ אַזוי
טאַנצט פאַר ראַטמיא
מיט לבנה־שיין און אַפּגעגאָסענע.
אַלע ברעגעס פון איר שלייער
אויפגעהויבענע,
צופלאָסענע.

# א שעך

א שעך איז געקומען
קיין על־עריש,
קיין על־עריש,
ווען די טרויב האָט געגרינט.
זיין פּנים און הענט
פון זון אָפּגעברענט,
אינגאנצען צוביסען פון ווינט

דער שעך איז געבליבען
אין על־עריש
אין על־עריש
ביז די טרויב האָט געבליט.
פארטרוקענט זיין צונג,
נו בעט ער א טרונק —
די טרויב אָבער גיט אים נאָך ניט.

ז. ווײנפּער

דער שעך איז געשטאָרבען
אין על־עריש
אין על־עריש
פון דאָרשט אויסגעצערט.
איצט ליגט אינ׳ם שטויב
די זאפטיגע טרויב
ביי יעדערענס פוס אויף דער ערד.

---

ראטמיא

# די בין

די זשומענדע, גיפטיגע בין
האט איינמאל געקושט מיינע פינגער,
געקושט מיינע פינגער.
די ערד איז געווען דאן באוואקסען און גרין,
באוואקסען און גרין
און איך, פון א שמעטערלינג, גרינגער.

די זשומענדע, גיפטיגע בין
האט נאכדעם געקושט מיינע אויגען,
געקושט מיינע אויגען.
האב איך זיך געווארפען אהער און אהין,
אהער און אהין,
ווי ווער וואלט מיין בלוט אויסגעזויגען.

# אזוי - אָ ליגען

אזויאַ ליגען
און שווייגען, שווייגען,
ווי שווייגענדיג עס ליגען
די ווייסע בערג ביים האָריזאָנט,
דער הימעל איבער זיי
און אויך די נאכט.

אזויאַ ליגען
און שווייגען, שווייגען, —
פון קאלטען ווינטער-לאנד
נעמט פלוצלינג זיך א ווייסער בער באווייזען
און הויבענדיג זיין ברייט-צעעפענט מויל צום הימעל
פארשלינגט ער די לבנה.

ז. וויינפער

אזוי'אַ ליגען
און שווייגען, שזויגען,
ווי שוויַיגענדיג עס טונקעלט זיך די נאכט ארום.
נאָר אין די ווייכע ברעגען פון דיין שאל
די קאלטע גלידער מיינע
נורען, נורען.

---

# ווייסקייט

ווייסקייט !... ווייסקייט !...
ווייסע בערג
און ווייסע שווימענדיגע וואָלקענס.
מישען בערג און וואָלקענס זיך צוזאמען.
ווייסקייט !... ווייסקייט !...
ערגעץ ווייסעלט זיך א פאלאץ —
ווייסע ווענט
און ווייסע, גלאנציגע קאָלאָנען.
זיצט אין אים א יונגער סולטאן
איינגעהילט אין ווייסע טיכער
און ארום אים —
ברעכען זיך און ציהען...
פרויען לייבער

ז. וויינפער

ווייסקייט !... ווייסקייט !...
עמיצער, א ווייסער
האָט זיך איבער אונז פארצויגען
און מיר שוועבען אין א וועלט
פון ווייסקייט.

---

# פון וואנען?

פון וואנען אָט דער ווייסער פּאלאַץ
און די גלאנציגע קאָלאָנען?
די ווייסע דין־געוועבטע טיכער
און די קישענס אונטער מײַנע פיס געבעט —
פון וואנען?

ארום די גלאנציגע קאָלאָנען
דרייען זיך אין קרייזן
ווייסע פרויען־לייבער.
און איבער זיי —
ווייסע שוואנען

מיט פליגעל אויסגעשפרייטע.

ז. ווײנפער

מיט העלזער אויסגעשטרעקטע
צאפּלען זיך
און פלאטערען.

פון וואנען איז דאָס אלץ ?
איך היל זיך אין די טיכער איין
און קוק
מיט אויגען ברייט-צעעפּענטע
אויף ווייסע פרויען-לייבער
און צאַפּלענדיגע שוואנען.

---

# און פלוצלונג

און פלוצלונג
האָט אויך אָט דאָ צווישען די קאָלאָנען
דער ווייסער בער
פון קאלטען ווינטער-לאנד
גענומען זיך באוויזען.
און שטום געוואָרען איז די פרייד
פון די זיך פרייענדיגע.
די ווייסע פרויען-לייבער
האָבען זיך פון שרעק גענומען קאָרטשען.
פונקט, ווי עס קאָרטשעט זיך דער אויבערפלאך פון ים.
דערפילענדיג דעם אָנקום פונ׳ם שטורעם.
די ווייסע פלאטערנדיגע שוואנען
האָבען אויפגעהערט צו פלאטערען

און שווייגענדיג
די העלזער איינער אינ׳ם אנדערען געגורעם
פונקט, ווי עם נורען זיך די שאף אין פעלד
דערפילענדיג דאם לויערען פון וואלף אויף זיי.
און באלד. —
זיינען ווייסע גלאנציגע קאלאנען
מיט רויט געוועו באשפרינקעלט.
פון ווייסע פרויען-לייבער
האבען שנירלאך בלוט אראפ גערונען.
שוואנען-העלזער
האבען זיך געבראכען
און פליגעל —
ווייסע רויט-באפלעקטע פליגעל
זיינען צו דער ערד געפאלען.
און איך —
אליין אויך א צובלוטיגטער.

ראטמיא

א באפלעקטער
הויב קאנוואולסיוו
די ווייסע טיכער פון מיין לייב אָן רייסען
און עמיצען א כאפ טוענדיג אין זיי,
פרואוו איך זיך צום ארויס-גאנג לאָזען.
נאָר מיד בין איך
און אויסגעשעפט
און פאל צוריק מיט מיין געפעק
צווישען גלאנציגע מיט בלוט-באשפרינקעלטע קאָלאָנעז.

ז. ווינפער

# וואוהין איז דער פּאַלאַץ פערשוואונדען.

וואוהין איז דער פּאלאץ פארשוואונדען ?
די ווייסע פרויען-לייבער,
און די פלאטערנדיגע שוואנען ?
בלויז דער קאלטער בער
שפּאנט שווייגענדיג ארום
פון בארג צו בארג
און טאָל צו טאָל,
און ברענגט דעם קאלטען ווינטער מיט
אויף יעדען ארט,
וואוהין ער קומט.

קום לאָמיר גיין פון אָט דעם ארט,
ראטמיא.
דער זילבער-ווייסער נעבעל,
וואָס ציט זיך פון די בערג

הייבט גאסטפריינדליך פאר אונז זיין שלייער אויף
און רופט אונז אונטער אים זיך צו באשיצען.

קום לאָמיר גיין פון אָט דעם אָרט,
ראטמיא.
דען סיי־ווי איז דער פּאלאץ שוין פארשוואונדען.
און פונקט, ווי דער לבנה
האָט אויך די ווייסע גלאנציגע קאָלאָנען
דער ווייסער בער פארשלונגען.

---

# קאָ - קאָ

— קא-קא ! קא-קא !
וואָס האָט דער הויער-האָן
זיך פלוצלונג אין די בערג צושריגען ?
— קא-קא ! קא-קא !
עס וויגען זיינע אויסגעשרייען זיך. —
אָט אומעטיג און ברייט,
ווי פון א בארג ארונטער.
אָט יאָמערדיג-פארשטיקט,
ווי פון א טאָל ארויס.

—קא-קא ! קא-קא !
האָט אים אין דרימעל
א בייזער חלום זיך געוויזען ?
צי האָט זיין ווייב
זיך אין א פרעמדער נעסט פארלוירען ?

— קאַ-קאַ! קאַ-קאַ!
עס וויגען זײַנע אויסגעשרײַען זיך
און פאַלען אויף מײַן האַרץ,
ווי שווערע דונער-קלעפּ.

ראַטמיאַ.

---

# גריב - גראב.

— גריב־גראב.
— גריב־גראב.
ווי אחמדס קוליעס אינ׳ם זאמד אריין,
אזוי אַ גרובען זיך אצינד
די שארפע נעגעל פונ׳ם הויער־האָן
אין מיין לייב אריין,
ראטמיא.

— גריב־גראב.
— גריב־גראב.
אחמד האָט די קוליעס אין די בערג פארלוירען?
אחמדס גוף איז פון שאקאלען אויפגעפרעסען?
אחמד איז שוין טויט?

ז. ווײנפּער

יאָ, יאָ.
אחמד האָט די קוליעס אין די בערג פאַרלוירען.
אחמדס גוף איז פון שאַקאַלען אויפגעפרעסען.
אחמד איז שוין טויט.
אבער ניט פאַרלוירען האָט דער הויער־האָן
די שאַרפע נעגעל זיינע.
און ניט אויפגעפרעסען איז דער הויער־האָן
פון די שאַקאַלען אין די בערג.
ראַטמיאַ.

— גריב־גראַב.
— גריב־גראַב.
דו זעסט די שוואַרצע פלעקען,
וואָס קאַפּען, קאַפּען
און שפּרייטען זיך אין זאַמד? —
דאָס זיינען פלעקען פון מיין בלוט.

## ראָטמיא

װאָס קאַפּען טראָפּעננױיז
אַרונטער פֿון מײַן האַרץ
און שװאַרצען זיך
אין טונקעלקײַט פֿון נאַכט אַזױ,
ראַטמיא.

ז. וויינפּער

# קום לאמיר גיין.

אויף מיין האַרץ, —
אַ שרייענדיגער
גראַבעלט זיך דער הויער־האָן.
און איבער מיר, —
שפּאַנט אום אַ שווערער
דער ווייסער בער.

— קאַ־קאַ, קאַ־קאַ!
אין וועלכער פרעמדער נעסט
האָט זיך מיין ווייב פאַרבלאָנדזשעט?
— קאַ־קאַ, קאַ־קאַ!
אונטער וועמעס פליגעל
רוט זי אָפּ איר שיינעם קאָפּ אצינד?

— בו־הו־הו־בו . . .
שפּאַנט אַ שווערער אום
דער ווייסער בער.
— בו־הו־הו־בו . . .
וואַרפט מיט ווייסען שניי פון מויל,
וואָס שפּרייט אַ קעלט אוים אין דער לופט.
— בו־הו־הו־בו . . .

קום לאָמיר גיין פון אָט דעם אָרט.
ראַטמיאַ.
אפשר וועט דער הויער־האָן
אויפהערען מיין הארץ צו גראַבלען.
אפשר וועט דער קאַלטער בער
אונז אויפ׳ן וועג פאַרלירען.